MICROFORM

נ. לוריע

# דער לעצטער בער



קאָאָפּ. פאַרלאַג „קולטור-ליגע"

2/11, 196

נ. לוריע

# דער לעצטער בער

קינדער-פּיעסע.

יידישע פּובליקאַציעס
און פּרעסע אַרכיוו

קאָאָפּעראַטיווער פאַרלאַג „קולטור-ליגע"
קיעוו—1929

די ביבליאָגראַפישע פאַרצייכענונג פון דעם בוך און די שיפרען פאַר ביבליאָטעק-קאַטאַלאָגן ווינען אָפּגע-דרוקט אין „צייטשריפט פון דרוק" און אין דעם „קאָרטן-רעפּערטואַר" פון דער אוקראַינישער בוך-פּאַלאַטע.

מלוכע-טרעסט „קיעוו-דרוק"
פ. ז. ש.
וואָראָווסקע גאַס, 16
קיעווער קרײַזליט 286
באַשט. 968—3000

# פּאָרשפּיל

באַנאַכט, אין וואַלד.

כאַיעלע. הו־הו!

אַ קאָל. האָ־האָ!

כאַיעלע. הו־הו!

דער בער (באַווייזט זיך, כאַיעלע זעט אים ניט). האָ־האָ!

כאַיעלע. מאמע!

דער בער. ניטאָ דיין מאַמע, ניטאָ.

כאַיעלע. טאַטע!

דער בער. ניטאָ דיין טאַטע, ניטאָ.

כאַיעלע. בערעלע!

דער בער (שטעלט זיך פאַר כאַיעלען מיט אַן אראָפּגעבויגענעם קאָפּ). האָסט מיך גערופן, בין איך דאָ.

כאַיעלע. ניין, ניין, ניט דיך, מיין ברודער בערעלען האָב איך גערופן.

דער בער (דראַפּעט זיך אַרויף אַף אַ בוים). איך זע, איך הער. מיט פאַרדרייטע וועגעלעך גייט ער, מיט פאַרשטעלטע שטעגעלעך לויפט ער, ער שורשעט אין בלעטער, ער שאַרט זיך אין גראָז, ער איז ווייט, דיין ברודער, ער איז ניט נאָענט.

כאַיעלע. וווּהין גייט ער, וווּהין?

דער בער. אף יענער זייט וואלד איז א פעלד. אף יענער זייט פעלד איז אַ דאָרף. פארן דאָרף זיינען פייערן צעלייגט. אף די קניעס שטייען רויטע אַר־מייער. העכער פון די קעפ זיינען זייערע ביקסן, העכער פון די ביקסן איז זייער פאָן. זיי באַקן קאר־טאָפל אין אַש, זיי קאָכן אין קעסעלעך טיי. היינט זיינען זיי דאָרט, מאָרגן זיינען זיי דאָ. אהינצו צו זיי גייט ער. אהינצו צו זיי איילט ער שטילערהייט.



כאַיעלע. און איך? איך בין געבליבן אַליין.

דער בער (אראָפּ פון בוים). ווילסט, לאָמיר זיין כאַווער.

כאַיעלע. וועסט זיך ניט בייסן?

דער בער. ניין.

כאַיעלע. ווּעסט זיך ניט דראפען?

דער בער. ניין.

ביידע (רירן זיך אָן בערס לאַפּע צו כאַיעלעס מינדסטן פינגער)
כאַוועך.

דער בער. ש־ש. קום, וועל איך דיר ווייזן דיין טאַטן
מיט דיין מאַמען.

(הינטער אַ קוסט שאָטענען זיך קערפּערס צוויי).

דער בער. אָט ליגן זיי, וועק זיי ניט, זיי וועלן ניט
אויפשטיין. ווייַן אַביסעלע, נאָר שטיל, שטילערהייט.
ווער ווייס, ווער דאָ בלאָנקעט, ווער ווייס, ווער דאָ
לאָקערט אין וואַלד?

(דאָס מיידעלע וויינט, דער בער וויינט מיט איר)

כאַיעלע. וואָס וויינסטו, בערעלע?

דער בער. דו ביסט אַליין, איך בין אַליין, נאָר דיר איז
בעסער ווי מיר.

כאַיעלע. מיט וואָס איז מיר בעסער ווי דיר?

דער בער. דו ביסט יונג, און איך בין אַלט. דו האָסט
אַ ברודער, ער איז אַ שטאַרקער, ער האָט אַ ביקס,
ער וועט דיך געפינען. איך האָב קיינעם ניט.

כאַיעלע. האָסט ניט קיין מאַמען?

דער בער. ניין.

כאַיעלע. האָסט ניט קיין קינדער?

דער בער. ניין.

כאַיעלע. ווּוּ זיינען זיי אַלע?

דער בער. געשטאָרבן, געהאַרגעט, געפאַנגען. איך בין

דער לעצטער בער אין וואַלד.

כאַיעלע. און איך? מיך האָסטו פאַרגעסן? מיר זיינען דאָך כאַוועריר.

דער בער. שטילער. דו הערסט?

אַ סאָווע (באַווייזט זיך). קוויוויט, קוויוויט! קוויוויט! היט זיך היט! פליט! פאַרווישט די טריט! קוויוויט! קוויוויט! (בלייבט ניט).

אַ העזל (אין שרעק). אַי, אַי, אַי, גוואַלד! באַטאָג, באַנאַכט, אין פעלד, אין וואַלד, מע שיסט, מע יאָגט, מע שנאָרט, מע בילט. כאָטש אַ טראָפּעלע רו, כאָטש אַ רעגעלע שטיל! אַי, אַי, אַי, אַי!.. (בלייבט ניט).

דער בער. דו הערסט?

(הינט האַווקען. געשרייען):

— האָפּ—האָפּ! אַ בער אין וואַלד! אַ בער אין וואלד! האָפּ—האָפּ—האָפּ!

דער בער. דו הערסט? סע טאָגט. ס'הייבט זיך שוין אָן אַ געיעג—נאָך מיין פעל. מיר מוזן זיך געזעגענען.

(נעמען זיך אַרום).

כאַיעלע. זאָג מיר איידער דו גייסט אוועק, זאָג מיר, ווער האָט מיין טאַטן און מאַמען געהארגעט?

דער בער. די, וואָס האָבן טויזנטער און טויזנטער געהאַרגעט, די האָבן דיין טאַטן און מאַמען געהארגעט.

כאַיעלע. ווער זיינען זיי? זאָג. איך זאָל עס זיי פאַרגעדענקען.

דער בער. ווּעסט זיי באַגעגענען, ווּעסטו זיי דערקענען.

כאַיעלע. און בערעלע מיין ברודער ווייסט?

דער בער. ער ווייס גוט.

(דאָס האַווקען פון די הינט און די געשרייען ווערן נעענטער).

דער בער. גיכער, אַנטלויף, גיי אהין, אָט אהין.

ווערסטו אַרויס אף א וועג (צעשיידן זיך).

(ס'באַווייזט זיך איינער, קוקט אַ ווייל אין יענער זייט, ווו דער בער איז אַוועק, שטעלט-צו די ביקס צום אַקסל און שיסט).

## ערשטע סצענע

פרימאָרגן. עק וואלד. כאַיעלע באַווייזט זיך. אין אלטע ציגיינערן גייט איר אַנקעגן.

ציגיינערן. זעט, אַ קינדעלע פון וואַלד (טאַפּט איר די הערלעך). אַך, ס'אַראַ גאָלדענע הערעלעך! (טאַפּט איר די הענטלעך). אַך, ס'אַראַ ווייסינקע הענטעלעך! וועמען זוכסטו, וועמעס ביסטו? וועמעס ביסטו, ווער פעלט דיר און וועמען זוכסטו? עפּשער וועלן מיר דיר העלפן זוכן. (טאַפּט איר דאָס העלדזל) אַך, ס'אַראַ ווייך, ליב העלדזעלע! ווי הייסטו, ווי?

כאַיעלע. כאַיעלע.

ציגיינערן. כאַיעלע! אַי, ס'אַראַ נאָמען אַ טייערער. זעקס אייניקלעך האָב איך געהאַט, האָט זיי אַלע גענומען דער טיף. אַ צייט אַ ביטערע, קינדעלע, פאַר ציגיינער אַזוינע ווי מיר. ווילסטו, וועסטו מיר אַן אייניקל זיין?

כאיעלע. ניין.

ציגיינערן. אזוי? וואָס, איך געפעל דיר ניט,—מיינע האָר זיינען גרוי, מיין פּאָנים איז שוואַרץ, מיין מויל איז אָן ציין?

כאיעלע. ניין.

ציגיינערן. וואָס—ניין?

כאַיעלע. איך וויל ניט.

ציגיינערן. און ווו וועסטו זיך אַהינטון איינע אַליין— ווייסט דען, וווהין דו גייסט?

כאַיעלע. איך ווייס ניט.

ציגיינערן. אַט זעסטו, קום, קום מיט מיר, וועסט מיר אַן איינ׳קל זיין, קום.

(שלעפּט זי. כאַיעלע שפּאַרט זיך איין, דרייט זיך אויס, טוט צום סאָף א ביס דער אַלטער אין האַנט).

ציגיינערן. אַך, דו שאלעמויז, אַך, דו טכוירל דו! פון דער ערד ניט אָפּגעוואַקסן און בייסט זיך שוין. נאַ דיר, נאַ!

(גיט איר עטלעכע קלעפּ. כאַיעלע שווייגט).

(אַן אַלטער ציגיינער פירט אַף א קייט א בער פון וואַלד. דער בער הינקט אַף א פוס).

ציגיינערן. א בער! פונוואַנען?

ציגיינער. פון וואַלד. הינט האָבן אים אויסגעשפּירט. יעגער האָבן אים אונטערגעשאָסן, און איך אַף דער קייט געפּאַקט.

ציגיינערן. ווי אַזוי?

צ י ג יי נ ע ר. אַנטלויפנדיק, איז ער אין אַ גרובּ אַריינגע־
פאַלן און זיך ניט געקאָנט אַרויסקאַראַטשקען, האָבּ
איך אים צוגעהאָלפן.

צ י ג יי נ ע ר ן (צום בער). אַך, דו, שלימאַזל.

צ י ג יי נ ע ר. נישקאָשע, בּאַ אונדז וועט ער טאַנצן מיט א
הינקעדיקן פוס.

כ אַ י ע ל ע (האָט געקוקט די גאַנצע צייט אַפן בער. לויפט־צו און
כאַפּט אַרום זיין האַלדז). בּערעלע! (דער בער רייבּט זיך אין
איר באַק).

צ י ג יי נ ע ר. וואָס איז דאָס פאַר א נעפעשל?

צ י ג יי נ ע ר ן. מיינס אַן אייניקל. איך זע, סע בּלאָנדזעט עק
וואַלד אליין אָן טאַטע־מאַמע, האָבּ איך עס צוגעטוליעט.

צ י ג יי נ ע ר. היינט בּלאָנדזען ניט ווינציק אַזעלכע אָן
טאַטע־מאַמע אין דעם וואַלד. בּאנאכט איז דאָ ארום
ליכטיק געוועזן אין די שטעטלעך. די ווייסע צי די
גרינע, דער רויטער ווייסט ווער, האָבּן געהוליעט.
(קוקט א ווייל אף כאיעלען) האָ־האָ, זיי נעמען זיך ארום,
ווי אַלטע בּאַקאַנטע.

צ י ג יי נ ע ר ן (שטיל). ווייסט, וואָס כ׳וועל דיר זאָגן — מי׳רן
זיי שיקן אינאיינעם.

צ י ג יי נ ע ר. אַ קליין מיידעלע מיט אַ גרויסן בּער — ס׳אַ
געדאַנק. ס׳וועט ציען אוילעם.



צ י ג יי נ ע ר ן. וואָס קלערסטו מאַכן
מיטן שלימאַזל? ער הינקט אַף
א פוס.

צ י ג יי נ ע ר. מאַכט ניט אויס. ער

ווּעט בּאַ מיר זיין אַן אינוואַליד פון דער וועלט־
מילכאָמע. כ'וועל אים שוין אויסלערנען זיין ראָל.
און דאָס נעפּעשל?

ציגיינערן. בּייסט זיך. אַזאַ וויזעלע!

ציגיינער. ס'אַ קליניקייט. כ'מיין די הערעלעך די העלע,
דאָס ווייסע פּענימל. ס'וועט בּאלד פאַלן א כשאַד.

ציגיינערן. פאַרלאָז זיך אַף מיר, כ'וועל שוין בּאַוואָ־
רענען.

## צווייטע סצענע

פרימאָרגן. א ציגיינערשער שאַלאַש. כאַיעלע אליין
פאַרן שאַלאַש.

ציגיינערן (גאַנוועט זיך שטיל צו פון הינטן און פאַרבּינדט כאַיע־
לען מיט א טיכל דאָס מויל). כ'האָב פיינט, אז סע שרייט.
(פאַרבּינדט איר די הענט) כ'האָב פיינט, אַז סע דראַפּעט
זיך. איצט קום, וועל איך דיך אַביסעלע אַרומוואַשן,
דאָס לייבּעלע איינרייבּן, די הערעלעך איינשמירן, א
קליידעלע אָנטאָן.

(פירט זי אריין אין שאַלאַש).

ציגיינער (קומט אָן מיטן בּער). האָפּ! אַף די הינטערשטע!
אַזוי־אָ. (שמעלט פאַר אים א פּויק). קלאַפּ, קלאַפּ! נאָך,
נאָך. גענוג. בּלייבּ שטיין! איצט אַרבּעטן מיר מיט די
פאָדערשטע — די קראַנקע אַראָפּגעלאָזט און די גע־
זונטע אויסגעשטרעקט. (הענגט אָן א היטל אַף דער לאַפּע)
און מאַך מיטן מויל, זאָל מען מיינען, אַז דו רעדסט.
גיט א נעדאָווע, הייסט עס, אַן אינוואַליד פון דער

וועלט־מילכאָמע! האָפּ! אַף אַלע פיר. איצט גיי זיך דורך, גיי זיך דורך, אַזוי־אָ. ווייז, ווי דו הינקסט, שעם זיך ניט, ווייז, ווויל, אויסגעצייכנט. איך זע, דו לאָזט זיך לערנען. כאַפּ אַן עפּל. (וואַרפט אים צו אַן עפּל).

ציגיינערן (קומט אַרויס פון שאַלאַש מיט כאַיעלען. כאַיעלע איז איבערגעטון און איבערגעפּאַרבט). אָט איצט ביסטו אַן עמעסדיק ציגיינער־קינד, אָט איצט ביסטו מיינס אַן אייניקל. הע־הע, אַזעלכע זאַלבן, ווי דיין באָבע האָט, האָט קיינער אין דער וועלט ניט. געווען אַ ווייסינקע און געוואָרן אַ שוואַרצינקע. (פאַרכט איר דאָס אָנטון) און ווי אַזוי דאָס קליידעלע קליידט דיר, און די סטענגעלעך, און די האָר — דעם זיבעטן כיין!

ציגיינער (באַטראַכט כאַיעלען אַ ווייל). גוט, בעסער דאַרף מען ניט. דערלאַנג זי אַהער.

ציגיינערן (שטופּט אונטער כאַיעלען). גיי־צו, גיי־צו, האָב קיין מוירע ניט.

(כאַיעלע טוט, וואָס מע הייסט).

ציגיינער (צו כאַיעלען). זעקס ווערסט פונדאַנען ליגט די שטאָט. וועסט גיין אין שטאָט מיטן בער. כ'האָב דיר געוויזן דאָס שטיקל אַרבעט מיטן פויק, דער נומער גייט, ווי ס'געהער צו זיין — אָקאָרשט דאָ איבערגע־כאַזערט. וואָס נאָך? (צום בער) באַווייז ווי אַזוי אַ ייד דאַוונט און שאָקלט זיך. האָפּ! (טוט אָן דעם בער אַ פאַ-

פּאַטשיילע. דער בער שאָקלט זיך, שטייענדיק אַף די הינטערשטע לאַפּעס). באַווײַז ווי אַזוי די צײַן טוען דיר ווי׳ (בינדט אים אונטער א באַק. דער בער האַלט זיך צו מיט א לאַפּע און קרעכצט צוביסלעך).



פיין. נו, איצט אין וועג אריין! און קומט ניט מיט ליידיקן צוריק, ציגיינער דאַרפן עסן. יאָ. פאַרגעדיינקט. אין שטאָט זיצן איצט די ווייסע, נאָר אין וועג קאָנסטו אָנטרעפן די גרינע — סע דרייען זיך דאָ ארום אַזעלכע טייוולאָנים אין די וועלדער — און אומגעריכט קאָנען אָנשפּרינגען די רויטע. פאַר אַלעמען דארפסטו האָבן א גוט וואָרט. ציגיינער מישן זיך ניט, מאַרש!

(כאַיעלע מיטן בער גייען אַוועק).

**ציגיינער.** ווייסע, רויטע, גרינע, און מיר, ציגיינער, פּלאָנטערן זיך אַלעמען אונטער די פיס. אָט נעמט מען שיסן פון דאַנען און פון דאָרטן, אַהין און צוריק פליען די קוילן דורך אונדזער לייב. ברענען זיי אַלע אַפּן פייער!

## דריטע סצענע

(אין וועג).

**כאַיעלע.** אָט זיינען מיר אליין, לאָמיר אַנטלויפן.
**דער בער.** וואוהין וועסטו לויפן? ווייסט דען וואוהין?
**כאַיעלע.** כ׳ווייס ניט.

דער בער. דערצי טויג־דיר ניט מיט מיר. איך בין אַלט און קראַנק און מיר פעלט א פוס.

כאַיעלע. וואָס־זשע טוט מען?

דער בער. לאָמיר גיין, עפשער וועלן מיר עפּעס דערגיין.

כאַיעלע. עפשער וועלן מיר דערגיין, ווו מיין ברודער בערעלע איז.

דער בער. נו, יאָ.

## פערטע סצענע

(וועגן שיידן זיך. אַ סטויפ מיט א ברעטל, וואָס ווייזט דעם וועג אין שטאָט אריין. אַ פאָר קוסטעס, הינטער וועלכע ס'פליסט א טייכל).

דער בער. האַלב וועג. די פיסעלעך טוען דיר שוין אוואָדע ווי.

כאַיעלע. יאָ.

דער בער. לאָמיר אָפּרוען אביסל. א וואַסערל רינט דאָ, וועלן מיר טרינקען.

כאַיעלע. כ'וויל טרינקען.

(גייען צו צום טייכל, בויגן זיך אָן און טרינקען).

דער בער. לייג זיך צו אָפן גראָז.

כאַיעלע. און דו?

דער בער. און איך נעבן דיר.

(לייגן זיך. כאַיעלע ווערט אנשלאָפן. אַ וווקסיקער יונג קומט אָן פון דער זייט, שטעלט זיך אָפּ, קוקט פאַר־כידעשט).

דער בער. גיי צו נעענטער. דערקענסט ניט דאָס קינד?

דער יונג. ניין.
דער בער. דיין שוועסטערל.
דער יונג. כאַיעלע? פאַרוואָס זיינען די האָר אירע שוואַרץ? פאַרוואָס איז איר פּענימל ברוין?
דער בער. א וועוויריקל בייט צום ווינטער זיין פאַרב און בלייבט דאָס אייגענע וועוויריקל. זעסט דאָך, זי איז א ציגיינער־קינד, און איך בין איר בער.
דער יונג. וואָס טוט איר דאָ?
דער בער. דאָס קינד זוכט דיינע טריט אַף די וועגן.
דער יונג. ס׳מוז נעמען צייט, ס׳מוז נאָך אביסל געדויערן.
דער בער. איך ווייס, דו גייסט נאָך א גרויסער זאַך. קאָנסטו זאָגן, וווהין דו גייסט?
דער יונג. אין שטאָט אריין. נאר קיינער דאַרף ניט וויסן.
דער בער. בערן שווייגן. נאָר צי ביסטו זיכער, אַז קיינער וועט דיך ניט דערקענען?
דער יונג. ווי קאָן מען זיכער זיין?
דער בער. אויב מע דערקענט דיך, וועט זי דיך מער ניט זעען.
דער יונג. איך ווייס.
דער בער. איך וויל, זי זאָל דיך זעען.
דער יונג. פאַראַן בילכערע זאַכן.
דער בער. איך וויל. זי זאָל דיך זעען. הער, נאַ דיר מיין פעל.

דער יונג. כ'פארשטיי ניט, וואָס דו מיינסט.

דער בער. איך בין אַלט און קראַנק. און איך בין דער לעצטער בער אין וואַלד. נאַ דיר מיין פעל, זאָג איך, נאַ דיר מיין פעל, און וואַרף דאָס איבעריקע פאַר די הינט.

דער יונג. וואָס טויג מיר דיין פעל?

דער בער. וועסט זיין אַ בער, און דאָס קינד וועט דיך פירן — אַזוי ווי מיך. וועסט גיין, וווּהין דו האָסט צו גיין, און טון, וואָס דו האָסט צו טון. וועסט זיין איינעם מיטן קינד, און קיינער וועט דיך ניט דער־קענען.

דער יונג (פאַרטראַכט). יאָ, אַזוי וואָלט מיך שוין געוויס קיינער ניט דערקענט.

דער בער. איך זע, אַז דו הייבסט אָן צו פאַרשטיין.

(דער יונג שווייגט).

דער בער. וואָס־זשע שווייגסטו?

דער יונג. דו האָסט מיר קיין שלעכטס ניט געטון.

דער בער. טו עס אָן סינע. טו פראָסט, ווייל מע דאַרף. אָט איז מיין האַרץ. דערשלאָג. און זאָם ניט, אייל, אייל, קאַלזמאַן קיינער איז ניטאָ.

(דער יונג וואַקלט זיך אַ ווייל, שיסט אויס דעם בער אין האַרץ. כאַיעלע כאַפּט זיך אויף. דער יונג באַהאַלט זיך הינטער אַ קוסט).

כאַיעלע (דערשראָקן). מע שיסט? ווו?

דער בער (פאַרשטעלט מיט אַ לאַפּע די וווּנד). גאָרניט. ס'ער־געץ ווייט. שלאָף, איך בין נאָך מיד.

(כאַיעלע ווערט צוריק אנשלאָפן. דער בער גייט אויס. דער יונג שלעפט אוועק דעם גוף הינטער א קוסט און קערט זיך אום צוריק אַן איבערגעטונענער).

בער. שטיי אוף, כאַיעלע, מיר דאַרפן גיין.

כאַיעלע. ביסט שוין ניט מיד, בערעלע?

בער. ניין, כאַיעלע, איך בין ניט מיד.

(גייען מיטן וועג צו דער שטאָט).

כאַיעלע. דער פוס איז דיר שוין ניט קראַנק?

בער. וועלכער פוס?

כאַיעלע. איצט הינקסטו שוין ניט. קיין קאַפּעלע ניט.

בער. עס איז שוין אויסגעהיילט, כאַיעלע. ער איז שטאַרק ווי אייזן, מיין פוס.

כאַיעלע. גייסט אזוי גיך, קאם וואָס איך גיי דיר נאָך.

בער. האַלט זיך אָן אין מיר, וועט דיר גרינגער זיין.

כאַיעלע. ווייסט, ביז גאָר יונגער געוואָרן.

בער. עמעס?

כאַיעלע. ס'געהאַט אזא אַלט קאָל, ווי א זיידע אן אל־טער. איצט איז עס אזא יונגס, אזא קלינגענדיקס, ווי בא בערעלע מיין ברודער.

בער. יאָ, איך בין אינגאַנצן אַן איבערגעביטענער.

## פינפטע סצענע

א פויער אקערט מיט עקסלעך אין פעלד. כאַיעלע מיטן בער אפן וועג, פארשטעלט פון פויער מיט א קוסט.

דער פויער. צאָב־צאָבע! פריילעכער, עקסעלעך, פריי־לעכער. געלינקע, די זון איז שוין הויך, און ארבעט



איז נאָך אסאך. צאָב־צאָבע! מײַן זיידע האָט די ערד געאַקערט, מײַן טאַטע האָט די ערד געאַקערט, און הײַנט אַקער איך. ס׳זאָל נאָר אָפּלויפן שטיל, דער פּאָריץ דרייט זיך אין דער געגנט מיט זיינע בייזע הינט. צאָב־צאָבע! אָט איז ער טאַקע דאָ.

א י וּ נ ג  פּ אָ ר י צ ל (מיט א בייטשל אין האַנט, לויפט אָן אין באגלייט פון אַ פּאָר קאָזאַקלעך). דו ווייסט ווער איך בין?

ד ע ר  פּ ו י ע ר. פאַרוואָס זאָל איך ניט וויסן? דער פּאַניטש, דעם גרויסן פּאָריצס מיזיניקל.

ד אָ ס  פּ אָ ר י צ ל. כאַם! פאַרוואָס־זשע פאַלסטו מיר ניט צו די פיס?

ד ע ר  פּ ו י ע ר. האַ? (טראַכט א ווײַלע, קוקט אַפן פּאָריץ, אף די קאָזאקלעך, ציילט זיי מיטן פינגער: איינס, צוויי, און דער א דריטער— שלעכט. טוט זיך א קראַץ אין נאַקן און פאלט דעם פּאָריץ צו די פיס).

ד אָ ס  פּ אָ ר י צ ל (צו די קאָזאַקלעך). פינף־און־צוואנציק! פּאַסן לייב! (די קאָזאַקלעך שלאָגן מיט די שאָמפּאָלן).

ד אָ ס  פּ אָ ר י צ ל. בונטעווען? דעם פּאָריצס פעלד אַקערן? מיט די באָלשעוויקעס זיך כאַווערן? ווינציק אייך געשמיסן!

(די עקזעקוציע איז פאַרענדיקט, דער פּויער בלייבט ליגן).

**אײנער פון די קאזאקלעך.** ערלויבט צו פאַרנעמען די פּאָר עקסלעך.

**דאָס פּאַריצל.** נעמט, איר וועט האָבן אַ גוטן וואַרמעס. (גייען אוועק מיט די עקסלעך).

**דער פּויער** (שטייט שווער אויף, צעהאַקט דעם אַקער אף שטיק־לעך). רעכט, איר לאָזט ניט אַקערן די ערד — וועלן מיר אַקערן אײַערע לײַבער. צו די באָלשעוויקעס! אַלע דערפער וועלן גײן מיט מיר! (גייט אוועק).

**בער.** כאַיעלע, האָסט אַלץ געזעען?

**כאַיעלע** (שאָקלט מיטן קאָפּ צעקלעמט, רעדט ארויס שטיל). יאָ.

## זעקסטע סצענע

אַ פּאַרקן פון געפּאַרבטע שטאַכעטן. הינטערן פּאַרקן—א גאַניק. קענטיק, א גווירישע זומער־ווױנונג. כאַיעלע מיטן בער אַפן וועג פאַרשטעלט, ווי אין דער פּאָריקער סצענע. מיט א ראַש צעעפנט זיך די טיר, און ס'נעמען ארויס־פליען פארשיידענע מאכשירים פון א קינדער־היים—שטול־כעלעך, קארטאָן־ארבעטן און אנדערע. ייִנגעלעך, מיידע־לעך לויפן ארויס מיט געוויין, מיט שרעק, מיט סינע, מיט אלערליי האָוואַיעס.

א בורזשוי מיט א גראָבן בויך ווייזט זיך אפן גאַניק. הינ־טער אים טיפער אין טיר זעען זיך א פּאָר ביקסן.

**דער בורזשוי** (פאר קאָס — רויט, אַזש בלוי, טופּעט מיט די פיס) מײַן שטוב! מײַן שטוב! מײַן שטוב! רעקוויר־זירן? ראַבעווען? קינדערהײמען, קאָמונעס מאכן?

באָלשעוויקעלעך האָדעווען? און אין גאַס זיך וואַל-גערן זייט איר קראַנק? אף די טראָטואַרן גייט! אין די רינשטאָקן! אין די מיסטקאסטנס! -איך בין דאָ באלעבאָס! (פארשווינדט).

(די קינדער צווישן זיך):

— טרעלבוך!

— וואַרט, די באָלשעוויקעס וועלן קומען.



— זיין שטוב! און ווער האָט די קלעצער געטעסעט?

— מיין טאַטע האָט די אויוונס געלייגט.

— מיין טאַטע האָט באשלאָגן דעם דאַך.

— און ווער האָט די ווענט געשטעלט?

— און ווער האָט די פענצטער פארגלאָזט?

— זיין שטוב! — אונדזער שטוב!

(א קליינס צעוויינט זיך. א גדעסערס נעמט עס איין).

— וואָס וויינסטו? וויין ניט.

— כ׳וויל צו דער מאַמען.
— נאַרעלע, מיר האָבן ניט קיין מאַמעס.
(די מיליטער-לײַט פירן אַרויס די דערציִערן. זי איז אַרעסטירט).
דער בורזשוי (די הענט אין די קעשענעס). מיר וועלן אייך
ווייזן הייזער צונעמען, קאָמונעס מאַכן!
(די דערציִערן וויל אַרומנעמען איינס פון די קינדער).
דער בורזשוי. טרײַבט זיי פונדאַנען! יאָגט אוועק אָט
דעם ברוד, זייער פוס זאָל דאָ ניט זיין!
די דערציִערן. פאַלט ניט אַראָפּ בײַ זיך, קינדער, זייט
שטאַרק!
(די מיליטער-לייט שטויסן זי, זי זאָל גיכער גיין).
בער. האָסט אַלץ געזען?
כאַיעלע. יאָ.

# זיבעטע סצענע

פאָרשטאָט. אַרבעטער-גאַס. א פּאָר יאַטלעך לויפן און שרייען:
— א בער! א בער! א בער!
(כאַיעלע מיטן בער באַווייזן זיך. אויסרופן):
— אידל מיטן פידל, בערל מיטן פויק!
— דאָס מיידעלע קוקט אָן, דאָס מיידעלע!
— ווער וועמען פירט — זי אים צי ער זי?
— בער, קום טאַנצן א שער.
— האָניק-פרעסער!
— לאָפּע-טופּע!

— בער, בער, האָפּ־האָפּ,
ברייטער אָכער, שמאָלער קאָפּ.
— בער, ווו איז דיין ווײדל?
— הינט האָבן אופגעגעסן.
— כאַ־כאַ־כאַ, רעכט אזוי, זאָל זיך א ווײדל ניט נאָכשלעפּן פונהינטן.

(דער בער, וואָס איז ביזאהער געשטאַנען אף אַלע פיר, גלייכט זיך פלוצים אויס אף די הינטערשטע פיס, ציט זיך אויס הויך, העכער פון ארומיקן אוילעם, דרייט מיטן פיסק ווי ער וואָלט עמעצן זוכן. אויסרופן):

— זעט, זעט.
— א לײנג פון א בער.
— מיט א קאָפּ העכער פון כאַיקל קאָוואַל.
— כאַיקל, גיי מעסט זיך מיט אים.

כאַיקל. כ׳האָב מוירע, ער׳ט מיר נאָך אָנטרעטן אָפן פוס.

א יידענע (נעמט קיין אויג ניט אראָפּ פונעם בער). קרוינע־לעך, ס׳איז מיר שלעכט.

— ווער כאלעשט? וואַסער, גיכער וואַסער!

די יידענע. אַי, מע דארף ניט קיין וואסער.
— ליבינקע, ראטעוועט.
— האַ? באגאנווערט? ווען, ווו!

די יידענע. אַי, נישט באגאנוועט. טײערינקע, איך ציטער.
— וואָס איז דען?

די יידענע. דער בער. איך שטאַרב. ער קוקט אף

מיר, ער קוקט גלייך אף מיר.

— געפונען אף וועמען זיך צו פארקוקן.

כאַיעלע (ציט אַראָפּ פאַרן קייטל דעם בער צו זיך). האָט קיין מוירע ניט, שרעקט זיך ניט, ער איז א גוטער (רייבט זיך אָן בערס קאָפּ מיט א באַק).

כאַיעלע. איצט וועלן מיר ווייזן איינעקע נומערן. אזוי: קלאפּ אין פויק. (בערל קלאַפּט). ווייז, בערעלע, ווי אזוי די ציין טוען דיר ווי (דער בער ווייזט).

א קינד. בערל, בערל, נא דיר א פלעשעלע יאָד.

א באָכער (אין אַ פּאדטוך, מיטן אינסטרומענט אין דער האַנט): כ'קאָן אויסרייסן. אָט האָב איך אָפּצוויינגעס.

— טראָג זיך, גראָבע זאַך.

— זאָל ער ווייזן נאָך עפּעס.

— זאָל ער ווייזן, ווי א פּאָריץ טרינקט טיי.

— טאַם, א פּאָריץ טרינקט ניט קיין טיי, אַ פּאָריץ טרינקט שאמפּאניער.

(דער בער ווייזט, וואָס מע בעט. געלעכטער. אויסרופן):

— אָ, אַף בילעטן, אַ קאפּאָרע טעאַטער.

— שוין איינמאָל א בער.

— א בער מיט ביינער.

(א קאָל פון אוילעם):

— ווייז, ווי אַזוי די באָלשעוויקעס קומען, און די בורזשויעס פּאקן זיך אין וועג אריין.

— שטילער! ווער שרייט דאָרטן? שטילער.

— וואָס האָט איר מוירע? מיר זיינען דאָ צווישן אייגענע.

— דער מענטש דרייט זיך דאָ אום.

— לאָך פון זיין קאָפּ.

(דער בער ווייזט, וואָס מ׳האָט באשטעלט. כאַיעלע העלפט אים. דער אוילעם קאַטשעט זיך).

א שיקערלעכער. בראַטישקא, לאָמיר זיך צעקושן! (קריכט צום בער זיך קושן). זיי וועלן נאָך לויפן, ווי די מייז. און גאָר אינג׳יכן. איר וועט זעען.

געשרייען, געלעכטער. פון אוילעם ווארפט מען צו באַר־לעך, אוגערקעלעך, שמאָכטעלייעס. דער בער כאַפּט, קײַט, וואַרפט צוריק, גיט איבער כאַיעלען. פלוצים גלייכט ער זיך אויס אזוי ווי פריִער, זוכט מיט די אויגן צווישן אוילעם, וואַרפט צו עפּעס צווייען, וואָס שטייען אָן א זייט. געלעכטער, געשרייען. די שפּיל דויערט ווייטער.

איינער. א פארכאסמעטער קאָנווערט. וואָס קאָן דאָס זיין? אף דיין נאָמען.

צווייטער. ווייז אהער (לייענט).

א יאַטל. זעקס, זעקס, דער מענטש גייט.

נאדזיראַטעל (מיט א רויטער נאָז). פּא־פּארזאמלונגען? מי־מי־טינגען? (דערזעט דעם בער) וו־וו־וואָס פאַר א בער? פּר־פּר־פּונוואנען א בער? וו־וו־ווער האָט דערלויבט א בער? שע־שוין זיך צעגיין!

(אוילעם צעגייט זיך אָן כיישעק, כאַיעלע מיטן בער סטײַען ניט).

צווייטער. כ׳פארשטיי ניט, כ׳פארשטיי גאָרניט. א וויכ־טיקע בריוו. נאָר ווי אזוי קומט זי צום בער?

אײנער. וואָס איז עס פאַר אַ בריוו?

צװײטער. אַ קלײניקײט. אַ יעדיע װעגן דעם, אַז די טעג הױבּט זיך אָן און אַז הײנט באַנאַכט מוזן מיר אַלע זײן אין אָדאַשעװער װאַלד, אױף אַ געװיסן אָרט.

אײנער. און װער איז אונטערגעשריבּן?

צװײטער. דער קסאַװ איז מיר שטאַרק באַקענט, נאָר טאַקע די אונטערשריפט—„זיבּעלע". װער קאָן עס זײן?

אײנער (נעמט די בריװ און באַטראַכט זי). ס'איז בערלס קסאַװ, און „זיבּעלע". װאָרט, „זיבּעלע" איז דאָך געװען זײן צונעמעניש. געדײנקסט ניט? אַזױ פלעגן מיר אים אָפּט רופן פאַר זײן װוּקס און פאַר זײן אַפּעטיט—ער פלעג עסן פאַר זיבּן.

צװײטער. אָבּער װי אַזױ קומט די בריװ צום בער? אָדער עמעץ האָט זי פאַרלױרן, אָדער דאָ שטעקט אַ פּראָװאָקאַציע.

אײנער (באַטראַכט װידער די בריװ). נײן, קײן פּראָװאָקאַציע געװיס ניט. אַלץ שטימט. דער קסאַװ, די כסימע— אַלע סימאָנים.

צװײטער. װאָס זשע טוט מען?

אײנער. מע מוז גײן.

צװײטער. אױבּ אַזױ, דאַרף מען צוגרײטן די יאַטן. צײט איז קאַרג. קום!

# אכטע סצענע

פארנאכטלעך, צוריקוועגס. כאַיעלע מיטן בער.

דער בער. דיר איז שווער צו גיין, כאַיעלע, זעץ זיך אביסל אף מיר, אף די פלייצעס, אָט אזוי. (שטעלט זיך אף די הינטערשטע פיס, נעמט כאַיעלען אַף די פלייצעס).

כאַיעלע. טאַמער באגעגענען מיר אים, ווי אזוי וועט ער מיך דערקענען? —

בער. ווער?

כאַיעלע. בערעלע. כ'בין געווען א העלינקע און איצט בין איך א שווארצינקע.

דער בער. א... ער וועט דיך אויספרעגן, כאַיעלע, צי ווייסטו, וואָס מיט טאַטע־מאמע איז געשען, וווהין בערעלע איז אוועק.

כאַיעלע. איך ווייס, איך ווייס אלץ.

דער בער. ביסטו אַ ווילע. האָפ! האָפ־האָפ! (כאַיעלע לאַכט) אָי, מיין פוס, גוואלד, מיין קראַנקע פוס (מאַכט זיך הינקענדיק, כאַיעלע ווערט אומעטיק) האָפ! האָפ־האָפ־האָפ! (כאַיעלע לאַכט).

# ניינטע סצענע.

באַם ציגיינערשן שאַלאַש. דער ציגיינער רויכערט אַ פּיפּקע. די ציגיינערן באַ אַ פייער, וואָס איז צעלייגט אַף דער ערד, וואַרעמט געקעכטס אין אַ טאָפּ, קוקט אָפן וועג.

ציגיינערן. שוין שפּעט, און דאָס קינד מיטן בער זיינען נאָך אלץ ניטאָ.

**ציגײנער.** וואָס, אַלטע, אומעטיקלעך?

**ציגײנערן.** מיר זײַנען געבליבן מיט דיר, ווי צוויי קאָרטן פון אַ טאַש, צוויי קאָרטן, פאַרלוירענע אָפן וועג פון אַ טאַש יאַ צעטרייסלטער, אַ טאַש, אײַ, אַ שיינער, אַ פאַרביקער! ווּ זײַנען אונדזערע זין? ווּ אונדזערע אייניקלעך? ווער פון אַ קויל דערשלאָגן, ווער פון טיף געפאַלן, ווער אָן אַ זײַ־געזוּנט פאַרפאַלן. און איצט, אַזאַ געפינס! דאָס קינד מיטן בער. ס'איז פאָרט היימלעכער אין שאַלאַש, און זיי קאָנען טאַקע ארײַנבּרענגען אין קעשענע ניט ווינציק. פעלט נאָך זיי צו פאַרלירן.

**ציגײנער.** (ניט אָרויסנעמענדיק די פּיפּקע). אָט גייען זיי.

(כאַיעלע מיטן בער באַווייזן זיך. דער בער הינקט).

**ציגײנערן.** וואָס אַזוי שפּעט? כאָטש עפּעס היפּש גע־מאַכט, עפּעס גוטס געבראַכט? (נעמט אַראָפּ דאָס טאָרבּעלע פון כאַיעלען, טרייסלט אויס אוגערקעלעך, באַרלעך, עפּל גריבּצ, מינץ אַביסל) קאַרגלעך, קאַרג. אַ שלעכטע צייט, אַ בּיי־טערע צייט. גיי, עס אַבּיסל קוליש. באַם פייער געוואַ־רעמט. ס'זאָל ניט אָפּגעקילט ווערן.

**ציגײנערן.** (צום בער). און דו, שלימאַזל מיטן לאָמען פוס, ווילסט אויך אוואדע קייען. וואָס גיט מען דיר, וואָס?

(גיט אים ברויט, עפּל).

**ציגײנערן.** אַזוי, אַזוי. אוועק אַ טאָג. וואָס וועט מאָרגן זײַן? נו, צייט שלאָפן. ווּ טוסטו אים אהין?

**ציגײנער.** אַף דער קייט, פאַר דער טיר.

ציגײנערן. און דו, טעכטערל, קום אין שלאָש אַרײַן.
כאַיעלע. איך וויל ניט. כ'וויל מיט אים (ווײַזט אויפן בער).
ציגײנערן. א ליבשאפט פון א קינד. זאָל זײַן, ווי דו
ווילסט (בעט איר אונטער גראָז). שלאָף דאָ. מאָרגן גאַנצ־
פרי גייט איר ווידער אין שטאָט אַרײַן.

## צענטע סצענע.

נאַכט. כאַיעלע שלאָפט. אַ קוויטש פון אַ סאָווע צוויי מאָל. דער בער בינדט זיך אָפּ פון דער קייט.

כאַיעלע (פון שלאָף). דו ביסט דאָ, בערעלע?
דער בער. איך בין דאָ, כאַיעלע. שלאָף רויק, איך בין דאָ
מיט דיר.

(כאַיעלע ווערט אַנשלאָפן. דער בער פאַרשווינדט אין וואַלד, ענטפערט מיט אַ קוויטש פון אַ סאָווע).

## עלפטע סצענע.

וואַלד: פינצטער. די צוויי, וואָס האָבן באַקומען די בריוו.

אײנער. זיבן און דרײסיק, אַכט און דרײסיק, נײַן און
דרײסיק, פערציק. פערציק טריט פון וועג, צווישן די
ניס־געדיכטעניש. הייסט עס, דאָ ערגעץ.
צווײטער. אָ, כאַליערע! צעהאַקט א קני. אָט איז ער,
דער שטײן. א פינצטערניש!
אײנער. איז דאָך גוט. ער דאַרף דאָך זײַן דאָ, דער
שטײן, לויט דער בריוו.
צווײטער. אוואדע איז גוט.

**איינער** (טוט צוויי מאָל אַ קוויטש, ווי אַ סאָווע, מע ענטפערט אָפּ).
דער ענטפער איז פון באַנט. ער דאַרף באַלד זיין דאָ.
**צווייטער.** אבּי כעוורע זאָל זיצן שטיל. מיר אינצווייען, מיילע, טאָמער וועלן מיר אריינפאַלן, איז פאַרפאַלן.
**איינער.** צו וואָס זאָלן מיר אריינפאַלן? מירן זיך ניט לאָזן. אכוץ דעם, איז שוין איצט קלאָר, אז ס'איז בּערלס אופּטור.
**צווייטער.** שטילער. דוכט זיך, מע גייט.
**איינער.** יאָ. (קוקן זיך איין) וואָס האָבּ איך געזאָגט? בּערל, זיבּעלע, זיין גידל, זיין גאַנג.
**בּערל** (אין מענטשלעכן געשטאַלט). איר זייט דאָ אינצווייען. ווו זיינען די איבעריקע?
**איינער.** ניט ווייט אין וואַלד. מיר האָבּן מוירע געהאַט, טאָמער פירט מען אונדז פאַר דער נאַז.
**בּערל.** איר האָט דאָך געזעען—מיין בּריוו.
**איינער.** יאָ, נאָר דורך וועמען? ווי אַזוי קומט זי צום בּער? א בּער אין גאַס האָט זי אונדז צוגעוואָרפן.
**בּערל.** אָ, ס'איז אָן איינפאַל. שוין איינמאָל א בּער! איר מעגט זיך אף אים פאַרלאָזן.
**איינער.** דו שפּאַסט.
**בּערל.** ערנסט. איר מעגט אים געטרויען ניט ווינציקער ווי מיר. ער וועט ערשט ווייזן, וואָס ער קאָן. די נאַכט איז קורץ. (צו איינעם) גיי רוף אַהער די יאַטן. (צום צווייטן) און דו בּלייבּ מיט מיר.

(איינער גייט אוועק).

בערל. גיכער, צו דער אַרבעט! אָט זײַנען רידלען. דאָ, צווישן די ניס, רעכטס פון שטײַן איז עס פּאַרגראָבן. ביז די כעוורע וועלן קומען, זאָלן מיר זײַן פאַרטיק (גראָבן).

(די כעוורע באַווייזן זיך).

בערל. צעשטעלט זיך — צו צוויי אין א ריי. גיך, שטיל, דיסציפּלינירט.

(כעוורע צעשטעלן זיך. בערל מיטן צווייטן שלעפּן פון גרוב אַרויס געווער און צעטיילן עס).

בערל. מאָרגן מוז די שטאָט זײַן אין אונדזערע הענט. אײַער אויפגאַבע—פאַרנעמען די קאַזאַרמעס. דאָרטן פאַרכאַפּן מיר דאָס געווער, צעטיילן צווישן די אַר־בעטער און גייען זיך ווייטער. הינטער די קאַזאַר־מעס ציט זיך א זומפּ, פאַרוואַקסן מיט אָטשערעט. די פויגלען וועלן נאָך שלאָפן, מוזט איר שוין דאָרט זײַן. צעשיט זיך אין אָטשערעט און וואַרט אויף מײַן סיגנאַל. איר וועט דערהערן קלעפּ אין א באַראַבאַן, אין אָנהייב אָפּטע, אײנצעלנע קלעפּ. גרייט זיך צו. דערנאָכדעם—קלעפּ, ווי צו א שנעלן מאַרש. רירט זיך פון די ערטער און לאָזט זיך גיין. צום סאָף—דרויב, אַטאַקע, שטורעם. פאַלט אָן, ווי א ווינט, ווי פײַער אויף א שטרויענעם דאַך, ווי א סטעלי איבערן קאָפּ! די קאַזאַרמעס וועלן זײַן ליידיק, סטאַרעט זיך פאַרכאַפּן וואָס מער געווער.

מיט גליק!

## דרייצנטע סצענע.

(נאַכט, פאַרן שאַלאַש).

בער (צוריק אין דער פעל). שטיי אוף, כאַיעלע.

כאַיעלע. ס'איז נאָך פינצטער, בערעלע. כ'וויל שלאָפן.

בער. שטיי אוף, כאַיעלע, מיר דארפן גיין.

כאַיעלע. וווהין?

בער. פרעג ניט, קום. קום גיכער.

כאַיעלע. אָט שוין. איך גיי.

(גייען אוועק).

## פערצנטע סצענע.

אַ פרייער פלאַץ פאַר די קאַזאַרמעס. כאַיעלע מיטן בער. דער בער קלאַפט אין פויק מיט אַפטע איינצעלנע קלעפ. אין די טירן באַוויזן זיך פאַרשלאָפענע פענימער.

— וואָס איז געשעען? ווער פויקט עס פארטאָג?

— א בער אין הויף מיט א קליינער ציגיינערן.

— אינטערעסאנט. נאָר וואָס אזוי פרי?

(דער אוילעם זאַמלט זיך אַרום בער—האַלב-אָנגעטאָנענע. מיליטער-לייט).

— א בייזע מאָרדע בא דעם בער.

— א פארביסענע.

— און דער קוק! כ׳וואָלט זיך ביים הדעלן מיט אים טרעפן אויג אַף אויג אין וואלד.

— ע, אן אלטער טערעך.

(דער בער הייבט אָן אויסקלאַפּן אַ מאַרש).

— אָ—הָא.

— אָט א באראבאנשטשיק!

— מע דארף אים מאָביליזירן צו אונדז אין באטאליאָן.

— כאָטש נעם און לאָז זיך מארשירן.

איינער (מאַרשירט). איינס — צוויי, איינס — צוויי, בעי זשי־דאָוו, ספּאַסאַי ראָסיי!

א צווייטער: (נעמט אַרויס אַ פלאַש. ווענדעט זיך צום בער). — ווילסט בראָנפן? ווילסט ניט? טרינק איך אליין (טרינקט). שפּאַצירסט זיך אין גאַס און באַגעגנסט אַ יונגער־מאַנטשיקל. היי, דו! א באָלשעוויק צי א זשיד? אויב א באָלשעוויק, צעבייטסטו אים גלייך אפן אָרט, אויב א זשיד,—פירסטו אים אין סעדל. דעם זיי־גער! די שטיוול! פארשטייט זיך, גאָלד, אסיגנאציעס— —און אים אליין (שלוקערצט) קיין פּאלעסטינע.

כע־כע! וואָס עפּעס קיין פאלעסטינע?

— צו די עלטערזיידעס.

— דו, קליינע, ווייז דיין צירק.

— גענוג מארשירן. הייב אָן די פאָרשטעלונג.

**כאַיעלע** (אַביסל צעטומלט). איצט וועלן מיר ווייזן אייניקע נומערן.

(דער בער הערט אויף דעם מאַרש, גייט פּלוצים אַריבער צו שטורמישן דרויב. וויציקע אויסרופן):

— ס׳הויבט זיך אָן.

— מאמעש מורעשקעס לויפן איבערן לייב.

**דער שיקערער.** צירק טשיביזעלי! א סאלטאָ מאָרטאלע פון אונטערן סאמע דאך! אכטונג!

**געשרייען פון די קאַזאַרמעס.** הוררר־א־א־א!

(אין די טירן ווייזן זיך אַרבעטער מיט אָנגעשטעלטע ביקסן).

**בער** (באַפרייט פון דער פעל). ניט פון אָרט! די באָלשעוויקעס זיינען דאָ!

(די ווייסע בלייבן צוגעקאָוועט אַף די ערטער).

**כאַיעלע.** בערעלע!




פראלעטאריער פון אלע לענדער, פאראייניקט זיך!

## — עפּילאָג.

אַ פּראָצעסיע מיט מוזיק, מיט רויטע פאָנען. אַרבעטער, יוגנט, קינדער. כאַיעלע מיט בערעלען אין איינער פון די רייען.

בער. איז ווי ווילסטו בעסער, פארבלייבן א שווארצינקע
אָדער צוריק ווערן א העלינקע?

כאַיעלע. כ׳וויל א העלינקע.

---

צענטראלע יודישע ביבליאטעק
און פרעסע ארכיוו

